דינעזאָן-שול-פּאָרלאַג.

# יוגנט ביבליאָטעק

י. ל. פּרץ.

## פאָלקסטימליכע געשיכטן.

ב.

## יוחנן וואַסערטרעגער. דער באַס.

וואַרשע, תרפ״א.

ארויסגעגעבן
פון צענטראַל דינעזאָן-שול קאָמיטעט.

118

דינע אָן-שול-פאַרלאַג

# יוגנט-ביבליאָטעק.

י. ל. פרץ.

# פאלקסטימליכע געשיכטען

ב.

יוחנן וואסערטרעגער.

דער באם.

אַרויסגעגעבן

פון צענטראַלן דינעזאָן-שול-קאָמיטעט.

וואַרשע, תרפ״א.

# יוחנן וואַסערטרעגער.

און די מעשה, וואָס איך וויל אייך דאָ דערציילן, האָב איך בקבלה פון מיין זיידן, עליו השלום, וואָס האָט די זכיה געהאַט צו זיין אַן איינגייער ביים „אורח חיים" אין שטוב, און האָט עס, במעמד פון נאָך בעלי-בתים חשובים, געהערט מפיו הקדוש — פון „אורח חיים'ס" הייליגע ליפּן.

און אָנגעהויבן האָט זיך די מעשה אַזוי:

אין דער-פרי, באַלד נאָך שחרית, זיצט זיך דער „אורח-חיים", כמנהגו, אין קליינעם בית-המדרש'ל פאַר'ן אָנבייסן, און קוקט אין אַ ספר אַריין. נישט ווייט פון איס זיצן און ריידן צווישן זיך שטיל די דיינים; עס איז גראָד קיין דין תורה נישט געווען. און נאָך אַ ביסל ווייטער — די תלמידים, דעם „אורח-חיים'ס".

אין מיטן דערהערט זיך פון גאַס אַ קול: „צדקה תציל ממות" און אַ קלונג מיט דער פושקע. זאָגט מען „ברוך דין אמת". מען ווייסט, וואָס עס באַטייט: נאָך פאַר שחרית האָט מען געגעבן צוויי קלעפּ אין טויער אין געזאָגט, אַז יוחנן וואַסער-טרעגער איז נפטר געוואָרן אין הקדש.

ווערט אָבער דער „אורח חיים" פאַרענדערט אויפ'ן פנים, הייסט זיך דערלאַנגען דעם שטעקן מיטן ספּאָדיק, און זאָגט — ער גייט צו דער לויה.

מילא, אַז דער „אורח חיים" גייט, גייען די דיינים אויך מיט; נעמען די תּלמידים רשות און גייען אויך. און אַזוי — אַנדערע, וואָס זענען גראָד געווען אין קליינעם בית המדרש'ל. קומט מען אין גאס אַריין. זעען די גאַס-מענטשן, ווער עס גייט, גייט מען מיט; פאַרמאַכט מען די קלייטן און מען גייט. קוקט עמעץ פון בית-המדרש דורך אַ פענסטער אַרויס און זעט די לויה, איז ער מודיע דעם בית המדרש-עולם, פאַרמאַכט מען די גמרות און מען לויפט אַראָפּ צו דער לויה. הכלל—די שטאָט גייט, קינד און גייט!

מען גייט און מען חידוש'ט זיך: וואָס א.ז?

— דער נפטר איז געווען אַ פשוט'ער ייִד... אמת, אַרום-געטראָגן קאַלט וואַסער פאַר די לומדים. אָבער אַזאַ לויה?

געווען נאָך אַ תּהלים-זאָגער, אָבער די עברי זיינע! מען פלעגט זיך קוים איינהאַלטן פאַר געלעכטער..

אין וואָס נאָך? אַ נהנה מיגיע כפּו; ביז אין דער לעצ-טער רגע קיין מתּנת בשר ודם נישט גענומען—נו הכלל?

און דער „אורח חיים" גייט.. איין גאַס, נאָך אַ גאַס.. אַ ווינט און אַ גליטש, עס קילט אין אַלע אברים, און ער גייט אַרויס פון שטאָט, לייגט די האַנט אויף אַ מטה-שטאַנג און פירט די מטה אויפ'ן בית החיים, גייט אַריין צו דער טהרה..

פאַרשטייט מען, אַז עס איז נישט פשוט!

און געווען איז דאָס דאָנערשטאָג. פרייטאָג איז פרייטאָג; דער עולם איז פאַרנומען, מען גרייט זיך צו לכבוד שבת; מוצאי שבת, קוים דערלעבט, מאַכט דער זיידע, עליו השלום, געשווינד אָפּ הבדלה, און לויפט צום „אורח חיים". און קומען קומט ער צום „אורח-חיים" נישט אַליין; אויפ'ן וועג האָבן זיך צו אים מצרף געווען נאָך עטלעכע בעלי-בתּים, און לומדים.. קומען זיי צום „אורח-חיים" אין שטוב אַריין, „גוט וואָך ,רבי!"

„גוט יאָר, בעלי-בתּים!״ די רבּי׳צין איז מיט עפּעס וואָס מכבּד. זעצט מען זיך צום טיש; די רבּי׳צין גייט זיך צו זיך אין שטוב אַריין,—מילא, מען וועט דאָך נישט אַרויס פון דער העלער הויט מיט׳ן עצם-ענין— מאַכט מען פריער אַ שמועס מכּח דער קהילה.

איז דאָך דער אורח-חיים אַ קלוגער ייד געווען, שמייכלט ער: ער האָט באַלד געוואוסט נאָך וואָס זיי זענען געקומען...

זענען זיי זיך מודה: אמת—זאָגן זיי—אַזאַ מעשה נורא...

זאָגט זיי דער אורח-חיים:

— זייט וויסן, רבּותי, אַז עס איז נפטר געוואָרן אַ ייד, וואָס האָט געהאַט אַ חוש הריח צו דערקענען לומדי תּורה, וואָס אַן אורח חיים האָט עס נ י ש ט. און דערצו אַ ייד, וואָס האָט מער געפּועל׳ט מיט דער האַק און דער גראָבער האַנט, ווי דער אורח-חיים מיט די כּוונות אין מח...

גאַפט מען: מען האָט פון קיין פּתרון, פון קיין חלום נישט געוואוסט... דער אורח-חיים האָט גאָר קיינמאָל דערפון קיין וואָרט נישט גערעדט...

— עס איז געווען אַ סוד, — זאָגט דער אורח-חיים.

דער ייד,—זאָגט ער— האָט נישט געוואָלט נתגלה ווערן, און אַז עס איז געשען אַ מעשה, און ער האָט מיר געמוזט אַנטפּלעקן, האָט ער גענומען ביי מיר דאָס וואָרט, אַז בחייו וועל איך שווייגן.

נאָך איינער איז געווען דערביי, אויך להבדיל בין החיים והמתים, דער געוועזענער בית-דין-שמש, כאָטש ער איז געווען אין דרויסן און האָט ווייניג וואָס געזען, האָט ער געגעבן אַ תּקיעת-כּף, אַז ער וועט שווייגן, און האָט געהאַלטן וואָרט.

אָבער אַצונד, זאָגט דער „אורח-חיים״, איז אויס סוד, און אַז איר ווילט, מהיכי תּיתא.

## מילא—שטעלט מען אויף כויל און אויערן.

— עס איז שוין דערנענען — הויבט אָן דער אורח-חיים צו דערציילן — אַ יאָר פינף-און-צוואַנציג. ער איז דעמאָלט נאָר וואָס אָנגעקומען אין קהילה אַריין.

נאָר וואָס אָנגעקומען, איז ער זיך מישב, ער וועט גיין צו מעריב אין גרויסן בית-המדרש אַריין, זען ווי מען דאַוונט און לערנט אין גרויסן בית-המדרש.

קומט ער צו מעריב.

מען האָט אָפּגעדאַוונט, אָפּגעזאָגט רבנן-קדיש און דער שמש איז צוגעגאַנגען צו׳ם אָרון טיילן ליכטלעך. טיילט ער אין טיילט, און קאָן זיך ניט דערטיילן, אַזאַ עולם, קיין עין הרע!

און דער עולם צעגייט זיך אויף זיינע ערטער, זיצט שוין יעדער ביי זיין ליכטל און פאַר זיין גמרה אויפ׳ן שטענדער. הינטן ביים שלחן — אַ חברה ש״ס! ספּאָדיק ביי ספּאָדיק!

טוט אים, דעם אורח-חיים, ׳מאַקע שטאַרק הנאה — ליכטלעך און פּלעמלעך, ווי די שטערן אין הימל; אויף כל תפוצות ישראל געזאָגט! —

און ווי ער זיצט אַזוי, קימט צו אים צו דער שמש און פרעגט אים, וואָס פאַר אַ כפר ער וויל. זאָגט דער אורח-חיים „מועד״. שטייען אין גרויסן בית-המדרש די ש״ס-גמרות הויך אויף דער שאַנק איבער׳ן שלחן פון דער חברה ש״ס. האָט דער אַלטער שמש געמוזט מבטל זיין די לומדים, און נעמען און אַרויפקריכן אויף אַ לייטער.. און דער שמש איז אַן אַלטער ייד... אַ בחור האָט אפילו געוואָלט ממלא מקומו זיין, וויל ער אָבער נישט, דער אַלטער... האָט שוין דער אורח-חיים חרטה, נאָר פאַרפאַלן; ער האָט נישט געוואוסט, וואו די

ש״ס גמרות שטייען... דאָך קוקט ער זיך דערווייל אום איבע-ר׳ן בית-המדרש און הערט זיך צו צו די קולות: עס זומט און ברומט, און זינגט, אַז עס נעמט דורך.

מיט אַמאָל דערזעט ער, ווי אַ וואַסער-טרעגער (דערנאָך ערשט איז ער געוואָר געוואָרן, אַז ער הייסט יוחנן) גייט אַרום מיט אַ קאַן און טראָגט צו צו די שטענדערס קאַלט וואַ-סער. געפעלט אים זיין התנהגות: אַז ער קומט צו צו אַ שטענדער, שטעלט ער זיך אָפּ, וואַרט ביז דער לומד-תורה וועט דערזען און אויסשטרעקן די האַנט צו דער קוואָרט; מבטל זיין פון תורה ווי ער נישט... און ווער עס נעמט די קוואָרט, זעט ער, שמייכלט און מאַכט פאַר אים הויך אַ ברכה. און יוחנן וואַסער-טרעגער ענטפערט מיט׳ן גאַנצן האַרץ: אָמן! זאָגט נאָך: א שיינעם דאַנק! און קוקט אויפ׳ן לומד-תורה מיט גרויס ליב-שאַפט, און גייט ווייטער ..

ווערט דער אורח-חיים אַביסל נתפעל פון התנהגות פין אַ פּראָסטן ייד. פרעגט ער, ווער ער איז. זאָגט מען אים, יוחנן וואַסער-טרעגער. גוט. קוקט ער אַזוי ווייטער, דערזעט ער פון דעם אייגענעם יוחנן וואַסער-טרעגער אַ משונה-ווילדע זאַך, וואָס קיינער האָט דאָס גאָר נישט באַמערקט. נישט ווייט פון אורח-חיים׳ס אָרט, אויף דער מזרח וואַנט, איז געזעסן אָן אַ זייט איינער אַ בלאַסער יונגערמאַן, צי אַ בחור, שפּעטער האָט זיך אויסגעוויזן — אַ פּרוש — איבער אַ קבי״ה-כפר זיצט ער. דער אורח-חיים האָט געהאַט זייער אַ שאַרפע ראיה, און פון דער ווייטנס האָט ער עס דערזען. און צו דעם שטענדער, זעט ער באַשי־נפערלעך, ווי יוחנן וואַסער-טרעגער וויל צוגיין מיט וואַסער, און קאָן נישט! וואָס ער גענענט זיך צו׳ם שטענ-דער, פאַלט ער צוריק, גלייך עפּעס וואָלט אים אָפּגעשטויסן, יאָ אַ פּלא?! איז ער דאָך אָבער אַנ׳אָפּגעהיטענער, דער אורח-חיים, וואַרט ער... ברענגט אים דער שמש די גמרא „מועד״,

פֿאַרהאַלט ער אִים, און פֿרעגט אִים אויפֿ'ן מקובל. זאָגט אים דער שמש מִיט אַ בִּיסל גאוה: אַ, דאָס אִיז, רבי, אונזער פרוש! אַ גרויסער מקובל, זִיצט גאַנצע טעג אִין תעניתים, לערנט שטענדִיק ביחידות... און שטִילער גִיט ער צו: וואוינען וואוינט ער אִין עק שטאָט, אין אַ חורבה... גאַנצע נעכט הערט מען פֿון חורבה אַרויס משונה דיקע קולות און זמירות. אַ פּנים, מען קומט צו אִים לערנען און זמירות זינגען...

וואָס זאָל ער טראַכטן, דער אורח-חיים?

טראַכט ער, אַז בשעת'ן לימוד אִיז דער פרוש אויף אַזאַ הויכער מדרגה, אַז דער פּראָסטער וואַסער-טרעגער האָט די זכיה נִישט צו שטיין אין זיינע ד' אמות, צו קומען אִין זיין מחיצה אַריין, שטויסט עס אִים אָפּ.

אִיז ער דאָך אַ לב טוב, דער אורח-חי"ם, קריגט ער רחמנות אויפֿ'ן אָרעמען ייד, וואָס ווִיל אַ מצוה טאָן, און קאָן נִישט. דאָס אִיז איינס; און צווייטנס, ווִיל זִיך דער אורח-חיים באַקענען מִיט'ן פרוש, אִיבעררעדן דערפֿון. אִיז ער דאָך אָבער מרא דאתרא, ווִיל ער אָנזאָגן דעם פרוש דורכ'ן שמש, אַז ער ווִיל מיט אִים רעדן... אָבער ווִי ער האָט דאָס נאָר אַ טראַכט געטאָן, דערזעט ער עפּעס נייעס: יוחנן וואַסערטרעגער גייט פֿאַרביי דעם פרוש'ס שטענדער, דער פרוש דערזעט אִים, און שטרעקט אויס די האַנט נאָך דער קוואָרט, און הייבט די אויגן אויף מִיט אַ בקשה צו אַ טרונק... און יוחנן וואַסערטרעגער דערשפּירט עס, דרייט ער זִיך צו אִים צורִיק אויס, ווִיל דער-לאַנגען די קוואָרט, און ווערט נאָך אַ מאָל ווי אָפּגעשטויסן, פּיִט אַ מאַך אַוועק מִיט דער האַנט, גייט זִיך זיין וועגס, און דער גרוש בלייבט זיצן ווִי דערשראָקן.

דערוויי! קומט אונטער אַן אַנדער וואַסער-טרעגער, נאָך אַ פשוט'ערער ייִד, וואָס הערט נִישט אויס קיין ברכה, ענט-פֿערט נִישט אמן, קוקט אויף די לומדי-תּורה גאָר אָן לִיבשאַפֿט—

אַ מענטש מיט אַ מגושם פּנים. און דער מגושמ'ער וואַסער-טרעגער האָט יאָ עליטה צום פרוש, עס שטויסט אים נישט אָפּ; פאַרקערט, ער שטעלט זיך אָפּ, שטעלט אַוועק די קאַן, שפּאַרט אָן די האַנט אויפ'ן שטענדער, רעדט עפּעס צום פּרוש, קענ-טיג, ער פרעגט אים, צי ער וויל אַ טרונק וואַסער, און דער-לאַנגט אים. און דער פּרוש איז דאָרשטיק, לויפט מיט'ן מויל אַקעגן דער קוואָרט. דער אורח-חיים דערזעט אפילו נישט, ווי ער מאַכט די ברכה...

וואָס, נאָך מער וואונדער?

טראַכט דער אורח-חיים, אַז יוחנן וואַסער-טרעגער מוז האָבן עפּעס אַ שנאה צום פּרוש. דאַרף מען עס אַמאָל חוקר ודורש זיין...

האָט אָבער אַן אורח-חיים וויכטיגערע ענינים אויפ'ן קאָפּ פאַרגעסט ער... איבער דער צייט מאַכט זיך אָבער ווידער אַ מעשה:

---

איינמאָל ערב ראש-חודש, קומט דער אורח-חיים אַ ביסל צו-פרי אין שול אַריין, איז די שול נאָך ליידיק. אין דער הויך, אין אָפענעם פענסטער, פּישטשען פייגעלעך; אַ מחנה שוואַלבן פליט אַרויס, אַן אַנדער מחנה שוואַלבן קומט אָן, און אונטן אין שול, אין אַ ווינקל ביים בעלעמער, שטייט יוחנן וואַסער-טרעגער און זאָגט תהלים. גייט דער אורח-חיים פאַרביי — לא קם ולא זע — אַזוי פאַרטיפט איז ער אין תהלים. שטעלט ער זיך, דער „אורח חיים", אָפּ נישט ווייט, הערט ער זיין עברי. ווייל ער שוין שמייכלען... פּלוצלונג, דאַכט זיך אים אַז די ווערטער, וואָס קומען מיט די גרייזן פון יוחנן וואַסערטרעגערס מויל אַרויס, זענען נישט קיין פשוט'ע ווערטער, נאָר לעבעדי-קע ווערטער, עס פילט זיך אין זיי אַ חיות... ווייטער דאַכט

זיך אִים, אַז די װערטער פֿלִיען אים פֿון מויל צום באַלקן אַרויף, און רירן זיך אָן אָן די אויסגעמאָלטע כּלי-זמר פֿון דוד המלך׳ס „הללויה״.. און די כּלים, גלייך די װערטער קלאַפּן אָן זיי, ציטערן; דאָ רופֿט זיך אָן אַ פּייקל, דאָרט אַ פֿלייט, אַמאָל אַ סטרונע פֿון אַ פֿידל, אָבער אַזוי שטיל, אַז נאָר דאָס אויער פֿון דער נשמה הערט... און פֿון דאָרט ערשט פֿליען די װער-טער מיט שטילע קולות צו צום פֿענסטער, און אַ מחנה פֿיי-געלעך פֿון דרויסן פֿליט זיי אַקעגן מיט גרויס שמחה, און כאַפּן זיי אויף, און פֿליען מיט זיי אַרויס, און צום הימל אַרויף, און אַ נייע מחנה פֿייגעלעך קומט אָן אויף זייער אָרט נאָך אַנדערע װערטער, נאָך אַנדערע קולות...

צי האָט ער נישט קיין טעות? זיין אויער הערט אָבער די קולות!

קומט ער, דער אורח-חיים אַהיים, פֿרעגט ער די רבי׳צין, װער עס טראָגט זיי איר װאַסער? װייסט זי נישט. דאַרפֿסט דען װיסן? פֿרעגט זי.

זאָגט ער: אַוודאי! אַז איך פֿרעג, מן הסתם דאַרף איך װיסן. לויפֿט די רבי׳צין אין קיך אַריין און קומט צוריק מיט אַ תּשובה: איינער אַ יוחנן.

זאָגט דער אורח-חיים:

— אַז ער װעט קומען, זאָל מען אים שיקן צו מיר אין חדר אַריין. ער האָט מיט אים װאָס צו רעדן.

גאַפֿט זי, די רבי׳צין.

אין אַ פּאָר שעה אַרום, דער אורח-חיים זיצט ביי זיך אין שטוב, הערט ער: עמעץ הוסט. קוקט ער זיך אום: יוחנן װאַסער-טרעגער!

בעט ער אים זיצן, װיל ער נישט.

זאָגט ער: איך הייס! זעצט ער זיך אויף אַן עק פֿון אַ בענקל.

— יוחנן—הויבט אָן דער „אורח=חיים" — איך האָב געהערט דיין תהלים-זאָגן...

זיפּצט יוחנן אָפּ.

— הלואי וואָלט איך עב י געקאָנט.

און ער זאָגט עס אַזוי ערנסט, אַזוי פּראָסט, אַז דער אורח-חיים מיינט שוין זיכער, אַז ער האָט אַ טעות געהאַט. ווייסט ער שוין נישט, וואָס צו טאָן מיט דעם יוחנן. דערמאָנט ער זיך אָבער די מעשה מיט'ן פּרוש, זאָגט ער:

— יוחנן, וואָס האָסט דו אַזוינס צום פּרוש, וואָס דו ווילכט אים קיין וואַסער נישט געבן?

ווערט יוחנן צערודערט, דאָס פּנים ווערט אים ווייס ווי קאַלך, און שווייגט.

פרעגט דער אורח-חיים נאָך אַמאָל, ענטפערט יוחנן הייזעריק:

— רבי, איך דאַרף נישט זאָגן... עס איז אַ סוד..

— און אַז איך וועל הייסן?

ענטפערט יוחנן:

— וועל איך קיין ברירה נישט האָבן!

זאָגט דער אורח חיים:

— בין איך אויף דיר גוזר...

— מוז איך!

— זייט וויסן, רבי, — הויבט יוחנן אָן צו דערציילן, — אַז זיין ליבער נאָמען האָט מיך געלייטזעליגט מיט אַ חוש הריח, צו דערקענען אַ תלמיד חכם... איך אַליין לערנען קאָן נישט, נאָר אַ חוש הריח האָב איך און איך דערפיל פון ווייטנס אַ תלמיד חכם, צי ער איז תוכו כברו..

— פון וואַנען קומט עס צו דיר?

— איך בין, זייט איך לעב, משמש תלמידי חכמים, דאָס איז מיין עבודות... האָב איך אָבער מורא געהאַט, איך זאָל

נישט נכשל ווערן אין אַ פאַלשן תלמיד חכם, האָב איך מתפלל געווען דערויף צו גאָט, און עס איז געווען אן עת רצון, און מען האָט מיר געגעבן אַ חוש, צו דערפילן דעם ריח פון דער תורה... פון דעמאָלט אָן, אַז איך גיי פאַרביי אַ תלמיד חכם, דערפיל איך זיין מדרגה. פאַראַן אַ תלמיד חכם, וואָס די תורה זיינע שמעקט מיט'ן ריח פון פרישׁ ברויט פון אויוון אַרויס — דער לערנט אין פשטות אַריין. . איז ער גרעסער במעלה, פיל איך זיין תורה, ווי פרישע עפל... טיילמאָל ווי בלומען אויפ'ן פעלד, טיילמאָל אויך — ווי פרישע בשמים. .

— און ביים פרוש, וואָס פילסטו יוחנן?

— סמאָלע! ברענענדיקע סמאָלע...

גלויבט נישט דער אורח-חיים; שווייגט ער.

און יוחנן זאָגט:

— רבי, עס איז אפשר גלייכער, אַז איר ווייסט, איר זענט דאָך מרא דאתרא... און ווען איר ווילט מיך דאַרפן, וועל איך אייך קומען צו הילף!

גאַפט ער, דער אורח-חיים, און דער וואַסער-טרעגער נעמט ביי אים רשות און גייט אַרויס.

„מען דאַרף חוקר ודורש זיין" — זאָגט זיך צום צווייטן מאָל דער אורח-חיים און פאַרגעסט ווייטער.

---

איינמאָל דערמאָנט ער זיך דערינען, איז ער זיך מישב, ער וועט גיין אין גרויסן בית-המדרש אַריין נאָך מעריב און אויספרווון. קומט ער, זיצט שוין דער עולם און לערנט, דער פרוש, ווי געוויינלעך אויף זיין אָרט. גייט ער, דער אורח-חיים, אומישנע האַרט פאַרביי פאַר'ן פרוש, רירט ער זיך אָן אומישנע אַפילו אָן שטענדער — גאָר נישט, ער פילט נישט...

באַפאַלט אים אַ ביסל חולשות הדעת.

סטייטש? ער, דער „אורח-חיים" פֿילט נישט, און יוחנן וואַסער-טרעגער פֿילט? ווי אַזוי קאָן דאָס געמאָלט זיין? קלערט ער ווייטער. עס מוז זיין אַ טעות..

זעצט ער זיך לערנען, לערנט זיך נישט. פֿאַרמאַכט ער דעם ספר, גייט אַהיים צו דער וועטשערע; עסט זיך נישט. ויאַשט ער זיך, עסט אַ כזית, פֿון ברכה וועגן, און בענטשט... פֿילט ער, אַז דער מוח איז אים נישט קלאָר, אַז ער איז נישט בקו הבריאה גיט אים די רבי'צין עפּעס אַ היימישע רפֿואה; לייגט ער אָפּ „קריאת-שמע" און לייגט זיך אין בעט אַריין. קוים ער שלאָפֿט איין, אַזוי קעגן האַלבער נאַכט, חלום'ט זיך אים אַ שרעקלעכער חלום

עמעץ וועקט אים, עפֿנט ער די אויגן אויף, שטייט פֿאַר אים דער פֿאָטער, עליו השלום, און זאָגט אים:

— דיין קהילה ברענט און דו פֿאַרלעשסט נישט דאָס פֿייער!

און ווערט נעלם.

שפּרינגט דער אורח-חיים פֿון בעט אַרויס און לויפֿט צו צום פֿענסטער, זעט ער, אַז פֿון דערווייטנס, פֿון דער חורבה אונטער דער שטאָט, וואו עס וואוינט, לויט דער שמש האָט אים געזאָגט, דער פּרוש, רייסט זיך אַרויס אַ פֿייער, אַ רויט-פֿלאַ-מענדיק פֿייער, און ציט זיך אין שטאָט אריין. קוקט ער ווייטער, זעט ער, ווי איין פֿייערדיקע צונג לעקט דעם דאַך פֿון שול און די צווייטע פֿון גרויסן בית-המדרש, און אַרום איבער די דעכער פֿון די בעלי-בתּים פֿליִען פֿונקען און עס דויעדט אַזוי אַ ווײַלע און ווערט פֿאַרשוואונדן.

ווערט ער, דער אורח-חיים, פֿאַרציטערט.

פֿאַרשטייט ער, אַז דאָס איז אַ התראה, אַז אין דער חורבה מוז זיין אַ גרויסע זינד, אַז ער איז מחויב עפּעס צו טאָן; ווייסט ער אָבער נישט וואָס. דערמאָנט ער זיך, אַז יוחנן

וואַסערטרעגער האָט אים געזאָגט, אַז ווען ער וועט אים דאַרפֿן, וועט ער אים קומען צו הילף. כאַפּט ער, דער „אורח-חיים“, שטילערהייט, אויף זיך די בגדים און גייט אויף די נעגל אין דער ערשטער שטוב אַריין, וואו דער בית-דין-שמש האָט גע-נעכטיגט, און וועקט אים, און פֿרעגט אים, צי ער ווייסט נישט וואו יוחנן וואַסער-טרעגער וואוינט? מוז ער אים דריי מאָל איבער׳חזר׳ן, איידער דער בית-דין-שמש געטרויט זיינע אייגע-נע אויערן און אויגן.. ער גלויבט נישט, דער „אורח-חיים“ זאָל האַלבער נאַכט דאַרפֿן יוחנן וואסער-טרעגער, און שטייט אויף רייבט זיך אַלץ די אויגן. קוים מיט צרות איז ער צום גלויבן געקומען, און ער ווייסט, וואו ער וואוינט — גייען זיי ביידע אַרויס אָן אַ לאַמטערן, און אין גאַס איז חושך, אז איי נער זעט נישט דעם צווייטן, און קוים קוים זיי טרעפֿן, נאָך מי און מאַטערנעש, צו יוחנן וואַסער-טרעגער׳ס דירה. קומען זיי צו צום פֿענסטער און ווילן אָנקלאַפּן, עפֿנט זיך דערווייל די טיר פֿון אינעווייניק און יוחנן קומט אַרויס...

איך האָב, זאָגט ער, געוואַרט אויף אייך, רבי... שוין צייט צו פֿאַרלעשן דאָס פֿייער.

זעט דער אורח-חיים, ער ווייסט..

תוך כדי דבור שפּאַלט זיך דער וואָלקן אין הימעל און עס באַווייזט זיך אַ שטראַל-ליכט, דערזעט דער אורח-חיים, אַז יוחנן גייט מיט אַ האַק, פֿרעגט ער, וואָס באַטייט די האַק? ענטפֿערט יוחנן, אַז זי וועט צו-נוץ קומען.

גייען זיי צו צו דער חורבה, וואו דער פּרוש וואוינט... קומען זיי צו נאָנט, דערפֿילן אַלע דריי אַ ריח פֿון ברענענ-דיקער סמאָלע, וואָס רייסט זיך פֿון דער חורבה אַרויס. און וואָס נענטער צו דער חורבה, ווערט דער ריח געדיכטער, ביז עס פֿאַרכאַפּט דעם אָטעם... קומען זיי צו נאָך נענטער, רייסן זיך אַרויס פֿון דער חורבה משונה׳דיקע קולות, זינגען און

שפּילן, און אַ טופּען מיט די פּיס פון טענץ, און אַז מען קומט נאָך נענטער צו — זעט מען ווי פּערים פון ליכט שפּאַרן זיך אַרויס פון די שפּאַלטן...

הויבט אָן דער בית-דין-שמש צו ציטערן אויפּ׳ן גאַנצן לייב פאַר שרעק. ווייל אים דער אורח-חיים מאַכן אַ לב. זאָגט ער אים: האַלט זיך אָן ביי מיין גאַרטל, ציטערן אָבער אונ־טער׳ן שמש די קניִ; פאַלט ער אַנידער אין מיטן גאַס.

זאָגט יוחנן צום „אורח-חיים“: רבי, לאָזט אים ליגן און קומט אין חורבה אַריין, מיר זאָלן, חס ושלום, נישט פאַרשפּע־טיקן...

פרעגט דער „אורח-חיים“, צי ער ווייסט, וואו די טיר איז?

ענטפערט יוחנן: מיין חוש הריח וועט מיך פירן.

גייען זיי.

— און וואָס וועל איך דאָרט טאָן? — פרעגט דער אורח־חיים שטיל.

זאָגט יוחנן: יעדערער זאָל טאָן זיינס. איר, רבי, וועט מלחמה האַלטן מיט אייערע כוונות אין מח, איך — מיט דער האַק! האַלט איר נאָר די חבירה פון דערווייטנס מיט השבעות; די רעשט פאַרלאָזט אייך אויף מיר...

און באותו הרגע עפנט ער די טיר אויף.

און זיי דערזעען אַ חתונה.

די חורבה איז באַלייכט.

אין דער הייך, און אַרום אויף אַלע ווענט, הענגען שאַר־בנס פון מתים. און אין די לעכער פון מויל און אויגן ברע־נען פלעמלעך פון רויט פייער... אָן אַ זייט שטייען שוואַרצע כלי-זמר און שפּילן אויף שוואַרצע כלים; און פון די שוואַרצע כלים פליען אַרויס די קולות מיט פייערדיקע צונגען צוזאַמען... און אַ מהומה פון פלאַמען שלאָגט זיי פון די אויגן, און פון

די פּייערדיקע גאַרטלען, און פון די מיילער צוזאַמען מיט'ן געזאַנג. .

אַ בדחן שטייט אויף און רופט: שבת! שבת! אַז עס הילכט...

און אין מיטן ראָד גייט אַ כלה-טאַנץ...

אויף אַ ווייס טיכל טאַנצט דע־ פרוש מיט לילית דער כלה —

ער זינגט: באַי כלה, באַי כלה, און ציט איין צו זיך דאָס טיכל. לילית לאַכט און זיי טאַנצן שוין האַנט אין האַנט — —

— שבת! שבת! רייסט זיך דער ברחן. שטאַרקער הילכן די כליב, ווילדער דרייט זיך דאָס ראָד, שרעקלעכער לויפן און וויקלען זיך די פלאַמען, און לילית וויל שוין פאַלן דעם פרוש אויפ'ן האַרץ אַרויף. באותו הרגע אָבער האָט מען דער־שפירט די געסט, די נישט-געבעטענע פרעמדע געסט, און מען איז פאַרציטערט געוואָרן.

עס ווערט אַ ליאַרם, אַ געשריי, אַ גערויש, אַ געקרי־צעריי מיט די ציין, דאָס ראָד צעלאָזט זיך, אַלע מאַכן פויסטן און ווילן צולויפן צו די נישט געבעטענע געסט...

נאָר דער אורח היים מיט זיינע כוונות האַלט זיי פון ווייטן, מיט אויפגעהויבענע איינציקע פיס אין דער לופטן שטייען זיי און איבערטרעטן קאָנען זיי נישט — זיי ווערן אַזוי ווי פאַרשטאַרט, ווי פאַרשטיינערט, נאָר אויסגעצויגן זענען די הענט, די ציין קריצן און אין די אויגן פלאַמט די שנאה — —

— צו הילף, צו הילף! — שרייט לילית אַרויס פון דער מיט.

און באותו הרגע הערט זיך אַ רעש, אַ געטומל פון דרויסן. . אַ שטורם-ווינט האָט זיך פון ערגעץ אויסגעריסן און לויפט אַרום דער חורבה, און זוכט, ווי אַרום זיך אַריינצורייסן

אין איר, און קאָן נישט... די גאַנצע חורבה ציטערט, אין שטורם-ווינט הערן זיך טויזנטער געשרייען, — אַריינרייסן קאָן מען זיך אָבער נישט. דער „אורח-חיים“ האַלט אָפּ מיט זיינע כוונות, מיט זיינע השבעות... און פול ווערט די חורבה מיט כוונות און השבעות און דער שוואַרצער עולם שטיקט זיך אין דער לופט, מיילער עפענען זיך ברייט, רויטע צונגען שטעקן זיך אַרויס... און זיי טרעטן אָפּ און רוקן זיך אין די ווינקעלעך אַריין, ווערן איינגעשרומפּן.

און באותו הרגע כאַפּט יוחנן די האַק און צילט מיט איר, און האַרפּט און טרעפט לילית׳ן אין מיטן קאָפּ אַריין.

און באותו הרגע פאַלט דער פרוש מיט׳ן פּנים צו דער ערד... די ווינטן הערן אויף, די געשטאַלטן פאַרשווינדן, די כלים פּלאַצן, די לעמפּלעך לעשן זיך אויס, די שאַרבנס פאַלן אַראָפּ פון וואַנט און באַלקן און צעפאַלן אויף שמויב-שטיל... און אַ שוואַרצע בריאה מיט שוואַרצע פליגל כאַפּט דעם לי-גנדיקן פרוש פון דער ערד, רייסט. פליענדיק מיט אים, אויף אַ פענסטער, און ווערט מיט אים נעלם...

דורך דעם פענסטער רייסט זיך אַריין אַ פרישער פאַר-טאָג...

---

אַזוי, אַזוי, רבותי! זיפצט אָפּ דער „אורח-חיים“.

אַצונד ווייסט איר שוין, וואָס אַזאַ יוחנן קאָן באַטייטן?

אַזאַ פּראָסטער ייד האָט אַ חוש הריח און פילט, וואָס אַן „אורח חיים“ פילט נישט...

# דער באַס.

אין טאָמאַשאָוו — אַ קליין פּוילישן שטעטל, וואָס ליגט אויף דער גאַליציִשער גרענעץ, — האָט זיך אַמאָל, אין אַ שיי־נעם העלן טאָג, באַוויזן אַ בחור, אַן אָרעמער בחור, וואָס קיי־נער האָט ניט געוואוסט, פון וואַנען ער איז געקומען, וואוּ ער טאָגט אין וואוּ ער נעכטיגט, און וואָס פּלעגט זיך פון צייט צו צייט באַווייזן און בעטן עסן.

מילא — ווער עס שטעלט אויס אַ האַנט, דעם גיט מען בפרט אַז דער בחור נעמט ניט, ניט קיין פּרוטות, ניט קיין מאכלים, נאָר אַ שטיקל טרוקן ברויט, — פרעגט מען ניט ווער און וואָס; עסן קומט יעדער לעבעדיקער נשמה. באַמערקט מען אָבער, אַז עס איז אַ משונה'דיקער בחור. אויגן האָט ער, וואָס קוקן, דאַכט זיך, ווייט־ווייט, און וואָס אין די ד' אמות טוט זיך, זעען זיי ניט; און מיט די לעפּלעך פון די אויערן ריִרט ער שטענדיק, ווי אַנדערע מיט די ברעמען איבער די אויגן, גלייך ער וואָלט שטענדיק געכאַפּט קול'ת פון דער לופט; כאָטש עס איז שטיל, ווי פאַר שופר־בלאָזן. און דעריבער, ווייל ער זעט, מכלומר'שט, אַזוי ווייט און הערט אַזוי ווייט, איז ער שטענדיק פאַרחוש'ט. אַז מען גיט צו אים אַ רייד, ווערט ער פאַרציטערט, גלייך מען וואָלט אים געוועקט פון יענער וועלט, און אַז ער ענטפערט, ענטפערט ער אָדער „יאָ"

צו „ניין”. אַ ניט — פֿאַרפּלאָנטעט ער זיך אין די אייגענע רייד, ווי אין אַ נעץ; עס קומט אים דער שווייס אויפּ'ן שטערן ארויס, און קאָן זיך נישט אַרויסאַרבעטן..

און פלעגט אַמאָל אַ בעל-הבית, צי אַ בעל הבית'טע, וועלן זיך באַנוצן מיט'ן בחור און שיקן אים אַ גאנג, פלעגט דער בחור פֿאַרלוירן ווערן אויף עטליכע טעג און קומען צוריק מיט אַ תשובה קאַפּויע־, נישט געפּלויגן, נישט געשטויגן. און נישט חלילה פֿאַר פֿוילקייט, נאָר פֿאַר פֿאַר'חוש'טקייט.

— האָסט געטראָפֿן דעם און דעם? (צו וועלכן מען האָט אים געשיקט).

— ערשט היינט.

— און ביז אַהער?

ווייזט זיך אַרויס, אַז ער איז אַרויסגעגאַנגען אין שליחות האָט ער אויפּ'ן וועג געטראָפֿן אַ מייזל, האָט דאָס מייזל געפּישטשעט, עס האָט אוודאי נישט געקאָנט טרעפֿן אַ היים... דערנאָך האָט מען אים צוגערופֿן פֿון דער הייך, עפּעס אַ פֿויגל, — איז ער נאָכגעלאָפֿן, וכדומה, און ער איז ערשט היינט געקומען, וואו מען דאַרף; און מען האָט אים געזאָגט — און דאָס וואָס מען האָט אים געזאָגט, אָדער ער האָט פֿארגעסן, אָדער באַלד נישט פֿאַרשטאַנען. אַזוי קומט אַלץ אַרויס קאַפּויער און ער שמייכלט. בתמימות, און שטרעקט אויס די דאַרע האַנט נאָך אַ שטיקל ברויט — ער האָט איבער דער גאַנצער צייט אין מויל נישט געהאַט.

---

אין אַן אָרעם שטעטל אָן עסקים, זומער-צייט, גרויסע ליידיקע טעג, זיצן בעלי-בתים ביי די פֿענסטער און גענעצן, און קוקן אַרויס אין מאַרק אַריין, עס זאָל זיך עפּיס באַווייזן, עס זאָל זיין אָז וואָס זיך אָנצוכאַפּן. שטייט אַזוי אַ בעל-הבית

בײַ אַ פֿענסטער, דערזעט ער דעם פֿרעמדן אָרעם-בחור, רופֿט ער אים צו. ער האָט נישט וואָס צו טאָן, שוין אַלע פֿליגן אויסגעכאַפּט, וועט ער אים חוקר ודורש זײַן.

— קום נאָר, בחור, אין שטוב אַרײַן.

שאָקלט דער אָרעם-בחור מיט'ן קאָפּ אין דער ברייט; ער וויל נישט.

— פֿאַר וואָס?

— אַזוי! זאָגט ער.

לאַכט דער בעל-הבית און פֿוילט זיך נישט, און גייט אַרויס צום בחור פֿאַר דער טיר און זעצט זיך אויף דער שוועל, און הייבט אָן:

— ווי הייסטו, בחור?

— ווי איך הייס? — חזר'ט דער בחור איבער, — אברהם! דאַכט זיך מיר אברהם; יאָ — אברהם!

— דו ווייסט נישט אויף זיכער?

ער איז קיינמאָל נישט זיכער. ווי קאָן מען זײַן זיכער? עס דאַכט זיך אַזוי פֿיל.

קייכט דער בעל-הבית.

— און אויפֿ'ן צונאָמען?

פֿון דעם ווייסט שוין דער בחור גאָר נישט. און ער פֿרעגט איבער בתמימות, צי מען דאַרף אַ צונאָמען.

זאָגט דער בעל-הבית:

— אַוודאי, עס קאָן זײַן אַסך אַברהם'ס, קאָנען זיי זיך אויסמישן...

— נו, וואָס איז?

— און וועמענס ביסטו, בחור?

— דעם טאַטנ'ס.

— און ווי הייסט דײַן טאַטע?

— טאַטע הייסט ער.

— און וואו וואוינט דיין טאַטע?

— דאָ, וואו דיין טאַטע וואוינט און דער בחור הויבט אויף אַ פינגער און ווייזט אין דער הייך אַרויף צום הימל.

— און קיין אַנדערן כאַטן האָסטו נישט?

— ניין!

קייקלט זיך דער בעל-הבית פאַר געלעכטער, און דער בחור פרעגט:

— מעג איך שוין גיין?

— באַלד, באַלד! ענטפערט דער בעל-הבית, — און פון וואַנען קומסטו?

— פון דאָרף!

ווי הייסט דאָס דאָרף? וואו ליגט עס?

דאָס ווייס ער נישט, דער בחור.

— ווייט פון דאַנען?

ער איז געגאַנגען און געגאנגען, און געגאַנגען...

און דער בחור חזר'ט אַזוי פיל מאָל איבער דאָס וואָרט „געגאַנגען", ביז די ליפן ווערן אים מיד און ענדיגט: און נאָך געגאַנגען!

— וויפיל טעג און וויפיל נעכט?

ער האָט נישט געציילט.

פאַלט איין דעם בעל-הבית צו פרעגן:

— און דאַווענען קאָנסטו?

דאַווענען? מוז אים דער בעל-הבית פאַרטייטשן, וואָס מען מיינט „דאַווענען", שטויסט זיך דער בחור, אַז ער מיינט: שמועסן מיט'ן טאַטן.

— יאָ, יאָ! זאָגט דער בעל-הבית.

ער קאָן „שמע ישראל".

— ווער האָט דיך געלערנט?

דערציילט דער בחור, אַז גייענדיק, פון דאָרף דורכן

וואַלד, אין שטאָט אַריין, האָט אים געטראָפן זייער אַן אַלטער מאַן. האָט אים דער אַלטער מאַן געזאָגט, ווער זיין טאַטע איז. און האָט אים אויסגעלערנט ריידן מיט'ן טאַטן, זאָגן „שמע ישראל". און כאָטש ער פאַרשטייט נישט, וואָס ער רעדט צום טאַטן, זאָגט אָבער דער אַלטער, אַז דער טאַטע פאַרשטייט און האָט הנאה דערפון!

— און ווען רעדסטו מיט'ן טאַטן?

— צוויי מאָל אין טאָג.

און דערביי שפילט ער.

— דו שפילסט? אויף וואָס?

אויף וואָס עס איז.

אין דאָרף פלעגט ער שפילן אויף גרעזלעך, אויף שאַ-ווער; דערנאָך האָט מען אים אויסגעלערנט מאַכן אַ הילצערן פייערל, האָט ער געשפילט אויפ'ן הילצערנעם פייפערל... אין שטאָט האָט מען אים געשענקט אַ ליימען פייפערל, שפילט ער דערויף...

— און מען זאָל דיר, למשל, געבן אַ פידל?

פלאַמען אויף דעם בחור'ס אויגן. אַי, וואָלט ער גע-וואָלט אַ פידל, ווי די שטאָטיקע כלי-זמר האָבן. בפרט אַזאַ גרויסע, גרויסע כלי, וואָס מען טראָגט אויף אַ רימען... אַי, וואָלט ער געשפילט — — —

נעמט דער בחור אַרויס פון בוזעם אַ ליימען פייפערל און פייפט.

ווי ער פייפט, ווערט אַ געררודער אונטער'ן הימל, עס קומען זיך צעלויפן מחנות פייגל און פליען אַרום אין דער הייך, און דער בחור קוקט אַרויף צו זיי און שמייכלט און באַהאַלט צוריק דאָס פייפערל.

דער בעל-הבית האָט אָבער דעם קאָפ נישט אויפגעהויבן און דאָס אַלץ נישט געזען. צום קול פון פייפערל איז אַרויס

וסן שטוב די בעל-הבית'טע. הינטער איר—די דינגסט, צום פענ-
פטער זענען צוגעקומען צוויי פאָר-פּאָלק און קוקן אַרויס
פאָרשט דער בעל-הבית ווייטער דעם בחור —
— און פון וואָס האָסטו געלעבט אין וואַלד?
פון שוואָמען האָט ער געלעבט.
אַ, ער איז כאָטש אַ מבין אויף שוואָמען!
— און פריער אין דאָרף?
פון וואָס מען האָט אים געגעבן!
— ווער האָט דיר געגעבן?
אַ פויער, אַ פויערטע, אפילו דער גלח און דער קרעטשמער...
— און וואָס האָט מען דיר געגעבן?
און דער בחור ענטפערט בתמימות, אַז מען האָט אים געגעבן
אי קרויט, אי באָרשטש, אי פלייש, אי ברויט—נאָר געגעסן
האָט ער נאָר ברויט,—אַנדער עסנוואַרק האָט ער גענומען און
געוואָרפן די פייגל.
— און פאַר וואָס—נאָר ברויט?
ער האָט ליב נאָר ברויט; אַ.דערע מאכלים האָט ער פיינט.
וואָס ער עסט — האָט אים געפּרעגט דער אַלטער אין
וואַלד אויך. און אַז ער האָט אים פאַרציילט, אַז ער עסט
נישט מער ווי ברויט, האָט דער אַלטער געזאָגט, אַז ער האָט
אים ליב דערפאַר; און האָט אים דערפאַר אויסגעלערנט רעדן
מיטן טאַטן — און דעם אַלטן האָט ער אַזוי ליב, אַזוי ליב..
און זאָגן זאָגט ער אַזוי ערנסט „שמע ישראל", ווייל דער
אַלטער האָט אים געהייסן...
דערווייל האָט מען געקלאַפּט אין שול אריין צו מנחה,
איז דער בעל-הבית געלאָפן אין בית המדרש אַריין, דערציילן
צווישן מנחה ומעריב, ווי קלוג ער האָט אויסגעפרעגט דעם
בחור...

---

עס וואַלט, פֿאַרשטייט זיך, געווען פֿאַרן שטעטל אַן עסק, ווען ניִשט, וואָס עס האָט זיך געמאַכט אַן אַנדער מעשה.

די קהילה האָט געהאַט אַ קאַפּעליע: צוויי פֿידל, אַ פֿלייט, אַ קלאַרנעט, אַ „באָמציקצאַק" אָדער אַ „קלאַפּטעלער", ווי מען רופֿט דאָס אין אַנדערע מקומות. און צום רומל, ווי דער שטייגער איז,—אַ באַס. אַן אָרעמע קאַפּעליע, שפּילט אויף ייִדישע פֿאַרשפּילן און חתונות, מאַנט אַ פּאָר גראָשן פּורים און חנוכה. און טיילמאָל, אַז אַנדערע קאַפּעליעס זענען פֿאַרנומען, נעמט מען זיי צו קלענערע פּריצים אויף אַ באַל. קיין חריפֿות אין שפּילן האָט די קאַפּעליע ניִשט באַוויזן...

מאַכט זיך אַ מעשה: ווינטער-צייט, די קאַפּעלע גייט פֿאַרטאָג צוריק פֿון אַ קליין פּריצישן באַל. אַ קאַפּ האָט מען גענומען, עסן, ווי עס דאַרף צו זיין, האָט מען ניִשט געטאָרט, קוים פֿאַרביסן מיט אַ בראָקן ברויט,—גייט דער עולם צעוואָרפֿן, האַלב-זינגענדיק, ברומענדיק, שילטנדיק. און דער באַס, וואָס טראָגט די שווערסטע כלי, שלעפּט זיך נאָך פֿון הינטן. קוים, קוים וואָס ער ציט אויס און-איין די פֿיס פֿון שניי,—אַן אַלטער מאַן געווען און אַ שוואַכער. רופֿט ער און שרייט און בעט זיך, מען זאָל ניִשט אַנטלויפֿן פֿון אים, הערט מען אים „ווי דעם רב"; דער עולם גייט צעוואָרפֿן. דערווייל בייט זיך דאָס וועטער; עס גיט אַ יאָג אָן אַ פֿרישער שניי. מאַכט דער עולם פֿיס. קומט מען אין שטאָט אַריין, כאַפּט זיך יעדערער צו זיין הייזל. פֿאַלט יעדער איינער, ווי אַ הרוג, אויף זיין בעט—שלאָפֿן שלאָפֿט מען אָבער ניִשט לאַנג: דער באַס איז ניִשט אַהיים געקומען, און דאָס ווייב זיינס לויפֿט אַרום צו די כלי-זמר מיט אַ געוואַלט, רייסט זיי פֿון די בעטן אַרויס: וואו איז מיין מאַן? וואו איז מיין מאַן?

קוים די כלי-זמר קומען צו זיך און פֿאַרשטייען, וואָס מען רעדט צו זיי, כאַפּט זיי אָן אַ שוידער. כאַפּט מען און

מען לויפֿט אַרויס זוכן דעם באַס; קיין ווען, קיין שטעג — ווייסע, גלאַטע תּכריכים—פֿריש אָנגעפּאַלענער אומשולדיקער שניי, גיי ווייס וואו דער באַס ליגט — —

קומט מען צוריק מיט גאָרנישט. איין האָפֿנונג איז נאָך, אפֿשר האָט ער, דער באַס, שכּל געהאַט און אַראָפּגעכאַפּט זיך אין אַ דערפֿל אַריין.

עס גייט אַוועק אַ טאָג און נאָך אַ טאָג, דער פֿראָסט האָט שוין געלאָזט, דער שניי איז האַלב צוגאַנגען; עס איז פֿרייטאָג, דער עולם גייט. לכּבֿוד שבת, אין באָד אַריין, מען פֿרעגט זיך נאָך אויפֿן באַס און קיינער ווייסט קיין נייעס נישט. פּלוצים קומט אָן-צופֿאָרן און שטעלט זיך אָפּ אין מיטן מאַרק אַ פּויערשע פֿור מיט'ן פֿאַרפֿרוירענעם, מיט'ן באַס... מען האָט געכאַפּט דעם בר מנן און געשוויִנט קובר געווען פֿאַר ליכט-בענטשן... מען האָט מורא געהאַט פֿאַר פּאַלמעסן. מען איז שיר נישט אַריינגעפֿאָרן אין שבת אַריין. צו מאָרגנס לאָזט די אלמנה נישט אויסנעמען,—5 קליינע ווערים האָט ער איבערגע-לאָזט, דער באַס. מוצאי-שבת איז אן אסיפֿה, מען רופֿט די כּלי-זמר; קהל וויל, די כּלי-זמר זאָלן זיך באַגיין אָן אַ באַס און צאָלן דער אלמנה; די כּלי-זמר טענה'ן: לא כּי! אַ קאַפּעליע אָן אַ באַס איז קיין קאַפּעליע נישט,-- אויף יידישע שמחות וואָלט מען זיך, מיט קהלס הרשאה, אפֿשר באַגאַנגען, נאָר אַ פּריץ וועט אָן אַ באַס נישט אויסשטעלן קיין פֿוס צום טאַנצן... טענה'ט דער רב, אַז מקיים צו זיין אַ נפֿש מישראל איז מער ווערט ווי אַ קאַפּעליע מיט אַ פּריצישן טאַנץ; טענה'ן די כּלי-זמר, אַז דער רב, זאָל ער זיי מוחל זיין, איז אין מוזיק-זאַכן קיין בר הכי נישט. ווערט אַ געשריי: שקצים!—

גיט דערוויַיל אונזער הוקר ודורש, דער בעל-הבית, וואָס האָט אַזוי קלוג אויסגעפֿרעגט דעם בחור, אַ קלאַפּ אין טיש אַריין:

— שאַט, רבותים!

ער האָט אַ עצה, ער האָט אַ בחור וואָס גלוסט צו אַ באַס און קאָן אוודאי שפּילן... זאָל מען דעם בחור חתונה מאַכן מיט דער אלמנה, וועט זיין אין דער וואָלף זאַט, אין די ציג גאַנץ, און קהל וועט אַ דרייער נישט קאָסטן...

ער האָט אפשר געמיינט אויף קאַטאָוועס, נאָר קהל און רב פון איין זייט און די כלי־זמר פון דער צווייטער זייט האָבן זיך אָנגעכאַפּט אָן דער עצה, ווי אַ טרינקענדיקער אָן אַ ברעט; די אלמנה האָט אויך באַשטאַנען, אברהמ׳ל בחור אויך, און מען האָט נאָך דעם זעלבן חודש געשטעלט אַ חופּה...

און אומגעריכט האָט אברהמ׳ל בחור באַקומען אַ ווייב מיט פינף קינדערלעך מיט אַמאָל, און אַ באַס מיט אַ סמיטשיק.

מיט׳ן ווייב לעבט ער בשלום: ער קומט נישט אין שטוב אַריין; נעכטיגט פאַר דער טיר; דרייט זיך גאַנצע טעג ערגעץ אַרום, אויסער, אַז עס מאַכט זיך אַ שמחה אין שטעטל אָדער אַ באַל ביי אַ פּריץ און ער שפּילט. ווערט ער הונגעריק קלאַפּט ער אָן נום ווייב אין פענסטער, דערלאַנגט זי אים אַרויס אַ שטיק ברויט, ווערט ער דערמיט נעלם, ביז ער ווערט ווייטער הונגעריק... שכנות פרעגן די באַסיכע וועגן שלום־בית, לאַכט זי: עס איז איר וואויל ווי די וועלט! ער עסט נישט און טרינקט נישט, זאָגט איר נישט אַ שלעכט וואָרט; חשבונות מיט דער קאַפּעלי האָט זי, דעם חלק פאַרדינסט גיט מען איר אין האַנט אריין... וואָס פעלט איר?

און אברהמ׳לען זעט אויס, האָט אויך נישט געפעלט. אין דער התחלה האָט ער געהאַט צרות פון די כלי־זמר, ווייל ער פלעגט קיינמאָל נישט אַריינטרעפן אין ניגון אַריין; דער באַס שפּילט פאַר זיך... זיי הערן שוין אויף צו שפּילן, און אברהמ׳ל טוט זיך ווייטער זיינס בשלימות, גלייך ער וואָלט אונטערגע־האָלפן גאָר אַן אַנדער קאַפּעלע, וואָס שפּילט ערגעץ ווייט,

וויט, אין קיינער הערט נישט, נאָר ער אַליין. נאָר מיט דער צייט האָט מען זיך צו אים צוגעוויינט... ביי אַ פריץ האָט מען שוין געוואוסט, וואָס צו טאָן. אַז דער ניגון האָט זיך געדאַרפט ענדיקן, האָט אים איינער פון די כלי-זמרים אָנגעכאַפּט ביים סמיק און צוגעהאַלטן,—און אויף ייִדישע חתונות האָט מען אים אומישנע געלאָזט „ייטער שפּילן און דער עולם פלעגט פּלאַצן פאַר געלעכטער; מען פלעגט דערמיט גאָר שטאַרק משמח זיין דעם עולם, בפרט ביי דער גרויסער וועטשערע צום טיש!

און קהל איז אַ וואַזאַי צופרידן געווען פון אַברהמ׳לען. שטיל און ציכטיק, זיצט ער שטענדיק אויסגעדרייט מיט׳ן פּניב צו אַ וואַנט און מיט די פּלייצעס צום עולם... נעמען אין מויל אַריין אויף אַ חתונה פלעגט ער בשום אופן נישט; ער האָט מיט זיך זיין שטיקל ברויט. מען זעט אַפילו נישט, ווען ער עסט, און אַ גאַנץ גייענדיק יאָר קאָן מען יוצא זיין מיט אים פאַר אַ שול-קלאַפּער.

וואָרים אַ מנהג האָט ער געהאַט, דער אַברהמ׳ל, אַז דריי מאָל אין טאָג פלעגט ער זאָגן „שמע ישראל" אויפ׳ן באַס. אין דער-פרי, ווען די זון האָט אויפגעשיינט, פאַר-נאַכט, ווען די זון איז אונטערגעגאַנגען, און צו חצות... אין דער-פרי און פאַר-נאַכט פלעגט ער עס טאָן ביים וואַסער אויף דער לאָנקע אונטער דער שטאָט, און צו חצות — אין מיטן מאַרק, און די קולות פון זיין באַס פלעגן זיך צעשווימען אין דער שטילער מוטער-נאַכט און אַריינרייסן זיך דורך טיר-טויער זון לאָדן אין די שטובן, אין די הערצער אַריין... און אין די קולות האָט געשטעקט אַזאַ ערנסט-כוונה׳ דיק תמימות, אַז וועמען דער שול-האַמער האָט נישט געוועקט, דער האָט זיך אויפגעכאַפּט פון באַס פון די קולות: בו, בו, בוהה, בוהה... ייִדן פלעגן זיך, נישט ווילנדיק, אַרויסרייסן פון די בעטן לעבודת הבירא, אָנצינדן ליכט און לויפן צו חצות, און אַ גאַנץ גייענ-

דיק יאָר, אויפֿכאַפּנדיק זיך פֿון זיין באַס צו חצות,— אָפּזיפֿצן:
— נעבעך, אַ תּם, נאָר אין זיינע קולות שטעקט עפּעס, עס מוז עפּעס שטעקן.
אַנדערע האָבן געזאָגט:
— נעבעך, אַ שטומע נשמה, וויל רעדן מיטן בורא און האָט קיין אַנדער לשון ניט.

---

איינמאָל האָט זיך אין טאָמאַשאָוו געמאַכט אַ גרויסע חתונה, אַזאַ חתונה טרעפֿט זיך אַמאָל אין אַ יובל!
אַ שפּאַס! עס האָט זיך כּשדך געווען דער לובלינער פּרנס מיטן קראַקאָווער רב, און טאָמאַשאָוו איז אין מיטן וועג!
וויל דער לובלינער פּרנס מהנה זיין דעם קראַקאָווער רב מיט אַ חתונה— ער זאָל וויסן מיט וועמען ער האָט געטאָן.
הייסט ער אַרויסקייקלען פֿון קעלער אַ פֿעסל דענדלעך אויף הוצאות החתונה; שיקט ער אַראָפּ סאַרווערס קיין טאָמאַשאָוו, מען זאָל אַלץ אָנגרייטן כּיד המלך — ווי עס פּאַסט פֿאַר אַ לובלינער גביר אַ פּרנס, וואָס האָט זוכה געווען צו טאָן מיטן קראַקאָווער רב!
קומען די לובלינער סאַרווערס קיין טאָמאַשאָוו און זוכן קודם כּל אויס אַן אָרט פֿאַר דער חתונה: עס וועלן זיין לובלינער, קראַקאָווער און אַ היימישער — טאָמאַשאָווער עולם! עס וועלן קומען גבירים, בעלי-בתּים, מיוחסים, לומדי-תּורה, רבנים און דיינים...
אין דריי קאַפּעליעס וועלן שפּילן. די לובלינער, די קראַקאָווער און די טאָמאַשאָווער קאַפּעליע וויל אויך ניט אָפּטרעטן.
שטענדיק שטייט, כּמעט שוין אונטער דער שטאָט, אַ שאָפּע אַ גרויסע, וואו עס האָט זיך איבער'ן ווינטער געטרי-

קנט סוחריש האַלץ, וואָס איז שוין היינט ביי דער ווייסל, צו שווימען קיין דאַנציג, דינגען די סאַרוועדס אָפּ אויפ׳ן גביר׳ס חשבון די שאַפּע — אַ תּיבה אַ גאַנצע, און לאָזן זי אויסמאָלן פון אויסנווייניק מיט אַלערליי בילדער, און הענגען זי אינעווייניק אויס, ווי אַ סוכּה, מיט טייערע יריעות — געשפּינענע פאַרהאַנגען, און מען שטעלט טישן פון עק תּיבה צו עק תּיבה, פאַר מענער באַזונדער און פאַר ווייבער באַזונדער, און די ווענט באַהענגט מען מיט העסעס און פּאַפּירענע לאַמטערנעס — אַ רחבות פאַר פּערציק מנינים. און אַן אַריינגאַנג, באַזונדער פאַר ווייבער, באַזונדער פאַר סאַרוועדס, עקסטראַ פאַר די כּלי-זמר, און אַ גרויסער טויער אין דער מיט, מיט אַן אויסגעמאָלטן כּתר-תּורה אין דער הייך פאַר׳ן קראַקאָווער רב און אַנדערע געסט...

און דער טאָג פון דער חתונה איז געקומען, געסט קומען נאָך אַלץ און קומען, מען צעשטעלט זיי ביי די בעלי-בתּים אין די הייזער, יעדערער האַלט עס זיך פאַר׳ן גרעסטן כּבוד און טרעט אָפּ די שענסטע שטוב, און אַז מען זעצט זיך צו דער גרויסער וועטשערע ביי די טישן, און אַז עס צעברענען זיך די ליכט אויף די טישן אין שבת׳ניקעס און אויף די ווענט אין העסעס און פּאַפּירענע לאַמטערנעס, און עס צעפּינקלען זיך ביי די ווייבער די אויריננגלעך מיט די שטערן-טיכלעך און ברוסטטיכער — איז די שאַפּע פול געוואָרן מיט ליכט פון דער תּורה — קראַקאָווער און לובלינער לומדים; מאָמאַשאָווער אין דערמיט... אויבן-אָן דער קראָקאָווער רב.

גייען אַ שורה סאַרוועדס מיט גרויסע טעלער: פיש, הויבן אָן קלינגען זילבערנע גאָפּל - מעסער, מישט זיך אויס מיט׳ן פריילעכן זומען פון די ווייבער ביי זייער טיש, — שווימט איבער אַלעם אַ שמועס פון תּורה ביים קראַקאָווער רב׳ס טיש — פאַלט אָבער אין מיטן אַריין די מוזיק מיט אַ

פֿריילִיכס... דריי קאַפּעליעס, עס הילכט, עס ציטערן פֿאַר פֿרייד די פּלעמלעך אויפֿ׳ן טיש, אַרום אויף די ווענט, שפּאַרט זיך אָן דער קראַקאָווער רב אויפֿ׳ן אָנלען און שעפּט נחת, אַ גרויסער מבין געווען אויף מוזיק...

און פֿון „פֿריילִיכס״ גייען די קאַפּעליעס איבער אויף אַ „וואָלאַך״, פשוט איבערגעשוואימען, מען האָט דעם איבערגאַנג נישט געפּילט — עס שווימט, עס פליסט אַ „וואָלאַך״ — אַ קראַקאָווער פידל שפּילט, רעדט דיבורים, שליסט אויף די הערצער און גיסט זיך אַריין... און דריי קאַפּעליעס האַלטן שטיל און ציכטיק אונטער.. און עס דאַכט זיך, אַ וואַסער פליסט, אַ ווייסל האָט זיך אויסגעגאָסן גלאַנצנדיק, און וויגט זיך שטיל, און ברומט, און ציטערט לכבוד דעם חתן מיט דער כלה און לכבוד דעם קראַקאָווער רב מיט די טייערע געסט, און איבער׳ן וואַסער תליט אַרום, הפלא ופלא, אַ פֿויגל און שפּילט, און שפּילט אַזא זיס־חנ׳ודיק־וויינענדיק — אַ שטילע „יעלה״ און אין מיטן—אויסגעשרייען, ליסטיקע, פֿריילִיכע, געהויבענע — און ווייטער אַראָפּ צו אַ „יעלה״ — און ווייטער אַן אויסגעשריי פֿון שמחה: פֿאָרט אַזאַ חתונה, אַ קיבוץ פֿון לומדים, און דער קראַקאָווער רב בראש, (אַ לובלינער חזן האָט עס אויסגעשטעלט), און די קאַפּעליע ווערט פלוצלונג ווי מיטגעריסן. אַלע כלים שפּילן, הויך, הויך, אַרויף, אַרויף, גלייך מען קלעטערט מיט גרויס שמחה אַרויף פֿון אַ מדרגה צו אַ מדרגה, עס רוישט, עס טאַנצט, עס בליצט —

און פלוצלונג ווערט אַלץ אָפּגעריסן מיט אַמאָל, גלייך אַלע סטרונעס און אַלע כלים וואָלטן געפּלאַצט — שטיל, נאָר אין דער שטילקייט הערט זיך: בו, בו, בוהה... איין אַברהמ׳ל שפּילט ווייטער, אַלע אויגן ווענדן זיך צו זיינע פלייצעס, — שטיל, קיינער רירט מיט קיין ברעם נישט, נאָר אברהמלס האַנט רירט זיך, ציט זיך אויס, ציט זיך איין

מיט'ן סמיטשיק:

בו, בו, ביהה, ביהה...

---

די כלי-זמר קוקן און וואַרטן, דער עולם זאָל אַרויס-פּלאַצן מיט אַ געלעכטער, נאָר דער עולם קוקט אויף אברהמ'לען און פירט איבער די אויגן צום קראַקאָווער רב; מען וועט אין זיין געגנוואַרט נישט לאַכן; די פּנימ'ער רונצלען זיך, די ליפּן קרימען זיך אויס, פון די אויגן שפּאַרט אַרויס דאָס געלעכטער, נאָר מען קוקט אויפ'ן קראַקאָווער רב און מען וואַרט, און דער קראַקאָווער רב זיצט אָנגעשפּאַרט מיט'ן שטיימל אויף דעם אָנלען פון שטול און די ברעמען זענען אַראָפּגעלאָזט איבער די אויגן — צי האָט ער נישט איינגע-דרעמלט, דער קראַקאָווער רב?

און דער באַס שפּילט נאָך אַלץ:

— בו, בו, בוהה, בוהה...

אומהיימלעך ווערט דעם עולם.

פּלוצלונג ווענדן אַלע די אויגן אָפּ פון קראַקאָווער רב צו דער מיטלסטער טיר. עס הערט זיך פון הינטער דער טיר אַ גערויש, מ'יט הערן זיך, סאַראַוועס לויפן צו, עפענען און רופן דערשראָקן אַרויס:

— ניין, ניין; עס וועט זיין פּאַר אייך אַן אָרעמע וועטשערע...

פאַרשטייט מען, אָרעמע לייט ווילן אַריינקומען, דער קראַקאָווער רב עפנט די אויגן אויף און וויל עפּעס זאָגן, כן הסתם, מען זאָל אַריינלאָזן, ווי דען?

נאָר באותו הרגע באַווייזט זיך אין טיר אַן אַלטער מאַן אין אַ צעריסענעם ספּאָדיק, מיט צעשויבערטע, גראָע באָרד און פאות, אַ בעטלער, ווי אַלע בעטלער, נאָר מיט אויגן, וואָס

קוקן מיט דער גדולה פֿון אַ מלכית, מיט אַ תּנועה פֿון דעם האַנט פֿון אַ מלכות — כּאַרווערט דערשרעקן זיך און רוקן זיך אָפּ פֿאַר זיין בליק, ניט ווילנדיק, מיט גרויס דרך ארץ; ער מאַכט מיט דער האַנט — און זיי מאַכן אים, נישט ווילנדיק אַ וואַרע.—דער לסער, אָנגעטון אין בגדי קבצן שבקבצנים און מיט אויגן און תּנועות פֿון אַ מלך, קומט אַריין, הינטער אים גייט אַ חבֿרה בעטלער, און דער אַלטער קומט אין מיטן שאַפּע אַריין, און שטעלט זיך אָפּ, הינטער אים שטעלט זיך אָפּ די גאַנצע חבֿרה קבצנים — אַלע קוקן פֿאַרבליפּט און שווייגן, דער קראַקאָווער רבֿ אויך, נאָר אברהמ׳ל טוט זיך זיינס, זיי א בערגעבויגענע פלייצע, זעט מען, ציטערט, די האַנט פֿירט אויף און אָפּ דעם סמיטשיק; און דער באַס קרעכצט האַרציק און ער סט:

— בו, בו, בוּ.ה, בוההה...

---

און דער אַלטער מלך אין בגדי קבצנים עפּעס נאָך אַ ווײַלע־דאָס מויל — די געסט בויגן זיך איבערן טיש פֿון כּאָרנט, פֿון אַנדערע טישן שפּרינגט מען פלוצלונג, נאָר אָן אַ שום גערויש, אויף די נעגל—מען ווערט צוגעצויגן צום אַלטנס מויל, ווי אַ מאַגנעט, אַלע אויגן בלייבן הענגען אויף זיינע ליפּן —

און דער אַלטער זאָגט איין וואָרט: חצות!

— קראַקאָווער רבֿ, מאַכט ער ווייטער, אברהמ׳ל שפּילט צו חצות... איר גלויבט נישט, קראַקאָווער רבֿ, וועט איר הערן... איר זאָלט זוכה זיין צו הערן, ווי אברהמ׳ל שפּילט צו חצות, איז אייך בשערט געווען צו טאָן מיט׳ן לובלינער פּרנס, טאָמאַשאָוו זאָל זיין אין מיטן וועג... און אייך צוליב וועלן אַלע הערן נאָר נישט אַלע אַזוי ווי איר! איר זענט אַ מבֿין אויף מוזיק...

— בו, בו, בו.ה, בוההה — שפּילט זיך אברהמ׳ל זיינס —

אין דער עולם ש ייגט פֿאַרגאַנט, ווי פֿאַר׳כשופֿ׳ט, און דער אַלטער בעטלער הויבט אויף די רעכטע האַנט און גיט אַ צייכן צום בעליק, נעמט דער בעליק און שפּאַלט זיך, און לייגט זיך אויס, איין העלפֿט רעכטס, די צווייטע לינקס, ווי פֿליגל פֿון אַ סוכּה.

און עס באַווייזט זיך דער הימל, אַן אויסגעשטערנטער, אויסגעפֿינקלטער הימל איבער דער עפֿענונג פֿון דער שאָפּע שווימט שטיל דורך די לבֿנה... שטיל איז זי אַרומגעשוואומען. און אַזוי ווי זי איז אַריבערגעשוואומען, גיט דער אַלטער בעטלער נאָך אַ מאָל אַ מאַך אַרויף מיט דער האַנט, שפּאַלט זיך דער הימל— שווימט אין דער הויך אַ רחבֿות פֿון סאַמעראָדנע צי ערדיקע ליכטיקייט, און אין דער ליכטיקייט, וואָס ציטערט און וויגט זיך, הערט זיך זינגען און שפּילן, די פמליא של מעלה זאָגט חצות, מלאכים - משוררים זינגען, קאַפּעליעס-מלאכים שפּילן, און אַלע שפּילן איין ניגון און אברהמ׳ל באַס פּאַסט צו צום ניגון, שווימט מיט אין זמר פֿון דער ליכטיקייט, וואָס וויגט זיך און הייבט און ציטערט אין דער הייך — —

און פֿאַרציטערט בלייבט דער עולם...

---

און נאָך אַ ווינק אַרויף גיט דער אַלטער, און דער הימל שליסט זיך, אויפֿגעהערט האָט די מוזיק, שטערנדלעך שווימען און פֿינקלען, ציטערנדיק, ווי פֿון שטילן טרויעריקן נחת — —

און נאָך אַ ווינק טוט דער אַלטער און ביידע העלפֿטן פֿון דאַך איבער דער שאַפּע פֿאַלן צוריק צו און פֿאַרשליסן און באַהעפֿטן זיך — פֿאַרשטיינערט זיצט דער עולם קוים מען עטעמט, און עס הערט זיך צוריק אברהמ׳לס באַס.

— בו, בוה, בוהה, בוההה...

און פּלוצלונג פאַלט דער סמיטשיק מיט'ן באָס פון אברהמ'לס האַנט אַרויס, ער שטעלט זיך אַוועק, דרייט זיך אי־בער צום עולם און הויבט אָן: שמע ישראל! און זאָגט עס מיט דער זעלבער נגינה, מיט וועלכער ער האָט געשפּילט אין הי־מל... און ער האָט געענדיקט און איז געפאַלן חלשות—

אברהמל באַס איז דעם צווייטן טאָג אין בית־המדרש נפטר געוואָרן.

# פאַרטייטשונג פון העברעאִישע ווערטער.

בְּמַעֲמַד — אין אָנוועזענהייט.

רשות — ערלויבניש

נֶהֱנֶה מִיגִיעַ כַּפּוֹ — לעבט פון זיין אַרבעט.

מְצָרֵף — פאַראייניגט

כַּוָונוֹת — געדאַנקען.

נִתְגַלֶּה — אַנטפּלעקט געוואָרן, באַוואוסט געוואָרן.

כָּל תְּפוּצוֹת יִשְׂרָאֵל — אַלע געגענדען, וואו עס וואוינען יידן.

„מוֹעֵד" — אַ טייל (סדר) פון תלמוד.

שַ"ס — גאַנץ תלמוד, 6 סדרים.

הִתְנַהֲגוּת — שטייגער, פירונג.

פֶּלֶא — וואונדער. ביחידות — אליין.

מָרָא דְאַתְרָא — רב פון שטאט, פירער פון שטאט.

מגושם — גראבּ, פּראסט. חוקר ודורש זיין — אויספּארשן.

לא קם ולא זע — שטייט נישט אויף, רירט זיך נישט פון ארט.

גוזר זיין — באפעלן.

תוכו כַּבָּרוֹ — זיין אינערלעכקייט ווי זיין אויסערלעכקייט.

מְשַׁמֵּשׁ זיין—באַדינען. עֲבדוּת—אַרבעט. נִכְשַׁל—געשטרויכלט ווערן.

עֵת רָצוֹן — מאמענט פון באוויליגונג, פון ווילן.

מַדְרֵגָה—שטאפּל, שטופע. חולשות הַדַעַת — מוטלאזיקייט.

בְּקוֹ הַבְּרִיאה — ביים געזונד. הַתְרָאָה — אנזאג.

הַשְׁבָּעוֹת—באַשווערן די פינסטערע, שלעכטע כוחות.

לילית — די מַלְכָּה פון די שֵׁדִים.

---

בַּר מִינָן—א מֵת. בִּתְמִימוּת—נאאיוו. לאו כי—נישט. הַרְשָׁאָה ערלויבעניש.

בַּר הָכִי—קענער. חצות—האלבע נאכט. יריעות—טעפּיכער.

הַפְּלֵא וָפֶלֶא וואונדערלעך. יַעֲלֶה—זאל אויפגיין (אַ תפלה וואָס מ'זאָגט יום-כפור)

תְּנוּעָה—באוועגונג. פּרנס—דאזאָר.

